# קאָנסטיטוציע

פון דער

## אינדוסטריעלע און אַגריקולטורעלע
## קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט

אינקאָרפּאָרירט

ניו יאָרק
1916



# CONSTITUTION

OF THE

## INDUSTRIAL AND AGRICULTURAL CO-OPERATIVE ASSOCIATION

INCORPORATED

NEW YORK
1916

# קאָנסטיטוציע

פון דער

## אינדוסטריעלע און אַגריקולטורעלע
## קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט

אינקאָרפּאָרירט

ניו יאָרק
1916




# CONSTITUTION

OF THE

## INDUSTRIAL AND AGRICULTURAL
## CO-OPERATIVE ASSOCIATION

INCORPORATED

NEW YORK
1916

## ארטיקעל 1.

## נאָמען.

דער נאָמען פון דיעזער אָרגאַניזאַציע זאל זיין: אינדוסטריעלע און אַגריקולטורעלע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, אינקאָרפּאָרירט.

(Industrial and Agricultural Co operative Association, Inc.)

## ארטיקעל 2.

## אויפגאַבען.

די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט שטעלט זיך פאָלגענדע אויפגאַבען:

1) צו אָרגאַניזירען די ברייטע אידישע פאָלקס־מאַסען אלס קאָנסומערס (פערברויכער), דורך אַלערליי קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, ווי סטאָרס, פעקטאָרים א. ד. גל.

2) געבען אַ מעגליכקייט די ברייטע פאָלקס־מאַסען צו קריגען אבסאָלוט ראַיעלע לעבענס־מיטלען אויף מעגליכסט ביליגע פּרייזען, און אָנפיהרען א סיסטעמאַטישע טעטיגקייט אויף פערשיעדענע געביעטען פאר דיעזען צוועק.

3) דורך די קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס מיט

דער צייט אויך אנפאנגען אַ קאָאָפּעראַטיווע פּראָדוקציאָן, צום גונסטען די קאָנסומענטען.

4) בייהילפיג זיין מיט אַלעם מעגליכען דעם אַרבייטער קלאַס אין זיין טאָג־טעגליכען קאמפּף געגען דעם קאַפּיטאליזם.

5) זעהען דורך אונזער טעטיגקייט ביי־טראגען צו דער סאציאליזירונג פון דער גאנ־צער פּראָדוקציאָן און פערברויך.

6) אויסלערנען אונזערע מיטגליעדער אליין צו פערוואלטען זייערע אונטערנעהמונ־גען, און

7) אָנפיהרען א ברייטע פּראָפּאַגאַנדאַ פאר דיעזע צוועקען.

## ארטיקעל 3.

## פערוואלטונג.

די פערוואלטונג פון דער געזעלשאפט זאָל בעשטעהען פון אַ באָארד אוו דירעקטאָרס און א קאָנטראָל קאָמיטע, וועלכע ווערען ערוועהלט ביי די גענעראלע מיטגליעדער פערזאמלונ־גען.

א מיטגליעד פון א פערוואלטענדע קאָמי־טע קען נאָר ווערען דער יעניגער, וועלכער איז שוין א מיטגליעד אין דיעזער געזעל־שאפט ניט וויניגער ווי איין (1) יאהר.

1. באָארד אָוו דירעקטאָרס.

די באָארד אָוו דירעקטאָרס זאָל בעשטעהען

פון עלף (11) מיטגליעדער, וועלכע ווערען ערוועהלט ביי דער מעמבערשיפ אויף אַ יאהר צייט. זעקס (6) זאָלען ערוועהלט ווערען אין יאנואר, און פינף (5) אין יולי.

די באָארד אָוו דירעקטאָרס איז די איינציגע פערטרעטעריין פון דער געזעלשאפט אין אלע אנגעלעגענהייטען.

די באָארד אוו דירעקטאָרס טיילט זיך איין אין סאָב קאָמיטעס, ווי: ביזנעס, עדיוקיישאָן א. ד. גל., וועלכע פערוואלטען די אונטערנעהמונגען און פיהרען אָן די גאַנצע אָרגאַניזאציאנס־ארבייט.

אויב א מיטגליעד פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס בעזוכט ניט כסדר דריי מיטינגען פון דער ב. א. ד. און גיט ניט אָן קיין גענוגענדע אורזאכען פאר זיין אבוועזענהייט, פאלט ער אויטאָמאטיש אַרויס אלס מיטגליעד פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס.

אויב אַ מיטגליעד פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס ענטזאגט זיך צו ארבייטען אין א באָארד אָוו דירעקטאָרס קאָמיטע, האָט די באָארד אָוו דירעקטאָרס א רעכט איהם אויסצושליסען פון איהר קאָמיטע.

## 2. קאָנטראל קאָמיטע.

די קאָנטראָל קאָמיטע ווערט ערוועהלט ביים

יעהרליכען מעמבער מיטינג אויף א יאהר צייט.

די קאָנטראל קאָמיטע בעשטעהט פון פינף (5) מיטגליעדער.

איהרע אויפגאבען זיינען: אוידיטען די ביכער און בכלל צו קאָנטראלירען אלע רעכ־נונגען פון די אונטערנעהמונגען און פון דער אָרגאַניזאציע.

די קאָנטראָל קאָמיטע שטעלט אָן אן אוי־דיטאָר, וועלכער איז אונטער איהר אויפזיכט.

די קאָנטראָל קאָמיטע דארף צושטעלען א רעפּארט צום פיערטעל יעהרליכען מעמבער מיטינג. דיזער רעפּארט דארף אָבער צו־ערשט צוגעשטעלט ווערען צו דער ב. א. ד. פאר א סאָפּלימענט רעפּארט.

די קאָנטראָל קאָמיטע עקטעט אויך אלס גריוועגס קאָמיטע, און איהרע בעשליסע זיי־נען בינדענד. אין קלאַגען געגען דער באָארד אָון דירעקטאָרס האָט זי נאָר א רעקאָמענדא־ציאָנס רעכט צום מעמבער מיטינג.

די קאָנטראל קאָמיטע מוז מיטען ווענינ־סטענס איינמאָל אין מאָנאַט.

די קאָנטראל קאָמיטע האָט אַ רעכט צו סוספענדירען א מיטגליעד פון איהר קאָמי־טע, וויבאלד ער בעזוכט ניט צוויי מיטינגען בסדר, ניט אָנגעבענדיג קיינע גענוגענדע אור־זאכען.

## ארטיקעל 4.

## בעאמטע.

די בעאמטע בעשטעהען פון א פרעזידענט, וויים־פרעזידענט, טרעזשורער און סעקרעטער.

די בעאמטע פון דער געזעלשאפט ווערען ערוועהלט פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס, פון איהר מיטע, אויף א יאהר צייט, אדער ביז זייערע נאָכפאָלגער ווערען ערוועהלט.

## פונקציעס פון די בעאמטע.

פרעזידענט: דער פרעזידענט איז דער פאָרזיצענדער פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס, ער דארף סיינען טשעקס און שעהרס, און רעפרעזענטירען די ארגאניזאציע אין אלע וויכטיגע אנגעלעגענהייטען.

וויים־פרעזידענט: ווען דער פרעזידענט קען נים עקטען אין זיין אמט (ווי, קראנק־הייט, אויסער דער שטאָדט, א. ד. גל.), האָט דער וויים פרעזידענט פונקט דיזעלבע רעכטע ווי דער פרעזידענט, און דארף טהאָן זיין אר־ביים.

טרעזשורער: דער טרעזשורער דארף סיי־נען טשעקס און שעהרס און זאל בכלל האָבען א (געוויסע) קאָנטראָל אויף אלע הוצאות.

סעקרעטער: דעם סעקרעטער׳ס אויפגא־בען זיינען: צו פיהרען די פראטאקאלען פון

די מיטגליעדער און באָארד אָוו דירעקטאָרס מיטינגען; צו פיהרען די קארעספאָנדענץ און צו האלטען אלע וויכטיגע פאפיערען פון דער געזעלשאפט. דער סעקרעטער דארף אויך קאָ־לעקטען אלע שעהר־געלדער פון די מיטגליע־דער, אריינגעמען נייע מיטגליעדער, ווי אויך אָנפיהרען סיסטעמאטיש א מינדליכע און שריפטליכע פראפאגאנדא פאר דער געזעלשאפט.

## ארטיקעל 5.

## מעמבער מיטינגען.

רעגולערע מעמבער מיטינגען קומען פאָר יעדען לעצטען מיטוואָך אין מאָנאט.

דער מיטינג אין ענדע יאנואר איז אַ יעהר־ליכער מיטינג. ביי דיעזען מיטינג ווערען ערוועהלט זעקס (6) מיטגליעדער פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס ווי אויך די קאָנטראָל קאָמיטע.

ביי דיעזען מיטינג ווערט אָבגעגעבען אַ יעהרליכער רעפּארט פון דער באָארד אָוו די־רעקטאָרס און קאָנטראָל קאָמיטע.

די מיטינגען אין אפּריל, יולי און אָקטאָ־בער זיינען פיערטעל יעהרליכע. ביי דיעזע מיטינגען ווערען אָבגעגעבען בעריכטען פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס און קאָנטראָל קאָ־מיטע.

ביים פיערטעל יעהרליכען מיטינג אין יו־

רי ווערען ערוועהלט פינף (5) מיטגליעדער
פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס.

### ארטיקעל 6.

## די ארדנונג פון די מיטינגען און ווי אזוי דיזעלבע זאָלען גערופען ווערען.

די ארדנונג ביי די מעמבער מיטינגען איז דיזעלבע, ווי די „פּארלאַמענטארי רולס", וועלכע זיינען אָנגענומען געווארען פונ'ם אַרבייטער רינג, א חוץ די, וועלכע ווערען ספּעציעל בעשטימט ביי די מעמבער מיטינגען.

א קוואָרום פאר א מעמבער מיטינג איז 25 מיטגליעדער; פאר'ן יעהרליכען מיטינג — 35 מיטגליעדער.

אויב קיין קוואָרום איז ניט פאראן ביי א מיטינג, ווערט דיעזער מיטינג אָבגעלייגט און אין 14 טעג ארום מוז גערופען ווערען אן אנדער מיטינג, וועלכער איז דאן געזעצליך ביי יעדע צאָהל מיטגליעדער.

שריפטליכע בעקאנטמאכונגען און איינלאדונגען צו מעמבער מיטינגען מוזען נאָר מיטגעטיילט ווערען צו די מיטגליעדער ביי די יעהרליכע, פיערטעל יעהרליכע און ספּעציעל מיטינגען.

פאר יעדען פיערטעל יעהרליכען מיטינג דארף ארויסגעשיקט ווערען צו אלע מיטגליע־

דער א געדרוקטער סטייטמענט פונ׳ם צושטאַנד פון אלע אונטערנעמונגען. דיעזער סטייט־מענט דארף ארויסגעשיקט ווערען ניט ווייניגער ווי 5 טעג און ניט מעהר ווי 10 טעג בעפאָר דעם מעמבער מיטינג.

ספּעשעל מיטינגען האָבען א רעכט צו רופען די באָארד אָוו דירעקטאָרס, קאָנטראָל קאָמיטע און דער פּרעזידענט.

דער סעקרעטער מוז רופען א ספּעשעל מעמ־בער מיטינג, ווי באלד צעהן (10) פּראָצענט פון דער גאנצער מעמבערשיפּ (יעדענפאלס ניט ווייניגער ווי 25 מיטגליעדער) ווענדען זיך שריפטליך צו איהם, אז ער זאל רופען אַזאַ מיטינג. דער צוועק פון דיעזען מיטינג דארף שריפטליך מיטגעטיילט ווערען צו די מיטגליע־דער.

דער מעמבער מיטינג איז די העכסטע אינס־טאַנץ און האָט דאָס לעצטע ווארט אין אלע פראגען.

## ארטיקעל 7.

## מיטגליעדערשאַפט.

אלע פּערזאנען, וועלכע זיינען איבער 18 יאהר און מיט אַן אַנשטענדיגען כאראקטער, און וועלכע זיינען איינפערשטאַנען מיט אונ־זערע אויפגאבען, קענען ווערען מיטגליעדער פון דיעזער געזעלשאפט.

פערזאנען, וועלכע זיינען אייגענטימער פון ביזנעס אין דיזעלבע ליינס, אין וועלכע מיר אָפּערירען, קענען ניט אויפגענומען ווערען אלס מיטגליעדער.

מיטגליעדער, וועלכע זיינען אָדער ווערען אייגענטימער פון ביזנעס אין דעם זעלבען ליין אין וועלכען מיר אָפּערירען, ווערען סוס־פּענדירט אלס מיטגליעדער פון דיעזער געזעל־שאפט, וויבאלד די באָארד אָוו דירעקטאָרס אנ־ערקענט זיי פאר קאָנקורענטען.

מיטגליעדער, וועלכע האָבען ביזנעס אין דיזעלבע ליינס אין וועלכע מיר אָפּערירען, קענען ניט ערוועהלט ווערען אין דער באָארד אָוו דירעקטאָרס.

אלע די, וועלכע ווילען ווערען מיטגליעדער אין דיעזער געזעלשאפט, דארפען אויספילען אן אפליקיישאָן פאר מעמבערשיפּ און איינ־צאָהלען 50 סענט פּאָרשלאגס־געלד.

יעדער קאַנדידאט מוז פּאָרגעשלאָגען ווע־רען פון א מעמבער, אדער וועניגסטענס גע־בען צופריעדענשטעלענדע רעפרענס וועגען זיך.

יעדע אפליקיישאָן דארף פּאָרגעבראכט ווע־רען פאר דער באָארד אָוו דירעקטאָרס, וועלכע דארף די אפליקיישאָן גוט הייסען, אדער צו־ריקווייזען.

א צוריקגעוויזענער קאנדידאט האָט דאָס רעכט צו אפּעלירען צום מעמבער מיטינג.

יעדער מעמבער מוז וועניגסטענס בעזיצען איין (1) שעהר ($5.00). די שעהר קען אויך אויסגעצאָהלט ווערען אין משך פון א יאהר צייט.

ביז וואנען די שעהר ($5.00) איז ניט אינגאנצען אויסגעצאָהלט, האָט דער מיטגליעד ניט קיין שטים רעכט.

## ארטיקעל 8.

## שטימען און שעהרס.

יעדער מיטגליעד האָט בלויז איין (1) שטימע, אונאבהענגיג פון דער צאָהל שעהרס, וואס ער האָט אין דיעזער געזעלשאפט.

שעהרס קענען נאָר בעזיצען מיטגליעדער.

טראנספערירען אָדער פערקויפען א שעהר צו א ניט־מיטגליעד, קען מען נור מיט דער איינשטימונג פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס.

ווען א מיטגליעד וויל צוריקציהען זיין שעהר דארף ער זיך ווענדען צו דער באָארד אָוו דירעקטאָרס, און די באָארד אָוו דירעק־טאָרס דארף אויסצאָהלען דעם ווערטה פון די שעהר ($5.00) אין משך פון 90 טעג. ניט מעהר ווי צעהן (10) אפליקאנטען אין א מאָ־נאַט קענען צוריק קריגען זייערע שעהר־געל־דער.

## ארטיקעל 9.

## דיווידענדען.

אלע דיווידענדען זאָלען גענומען ווערען בלויז פון די נעט פּראָפּיטען.

די ארט און ווייזע ווי אזוי די דיווידענדען זאָלען פאנאַנדער געטיילט ווערען, ווערט בעשטימט ביי דער מעמבערשיפּ.

## ארטיקעל 10.

## אויסשליסען מיטגליעדער.

ווען א מיטגליעד קומט ניט נאָך די רולס אדער די אמענדמענטס פון דיעזער קאָנסטיטושאָן, אדער שאדעט מיט זיין אויפפיהרונג דיעזער געזעלשאפט, דארף געגען איהם געבראכט ווערען א שריפטליכע קלאגע צו דער קאָנטראָל קאָמיטע, און די קאָנטראל קאָמיטע האָט א רעכט נאָך א גרינדליכע אויסהערונג פוןביידע צדדים איהם צו סוספענדירען אלס א מיטגליעד.

דער סוספענדירטער מיטגליעד האָט אַ רעכט צו אפּעלירען צום מעמבער מיטינג.

מיטגליעדער, וועלכע צאָהלען ניט אויס איינגאנצען זייער שעהר ($5.00) ביז צום ענדע פון יאהר, ווי מען האָט זיי אויפגענומען אַלס א מיטגליעד, פאלען אויטאָמאַטיש אַרויס אלס מיטגליעדער פון דיעזער געזעלשאפט, און זייערע איינגעצאָהלטע געלדער גע־

הען איבער צום אלגעמיינעם אָרגאניזאציאנס־פאָנד.

### ארטיקעל 11.

## קאַפּטאציע.

ווען א מיטגליעד שטאַרבט, רעזיגנירט אדער פאלט ארויס פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס אדער קאָנטראל קאָמיטע, האָט יעדע פון די קאָמיטע א רעכט צו קאַפּטירען אן אנדער מיטגליעד אויף זיין פּלאץ אין איהר קאָמיטע.

דער קאַפּטירטער מיטגליעד האָט דיזעלבע רעכטע ווי אן ערוועהלטער מיטגליעד ביז צום נעכסטען וואהל מיטינג.

### ארטיקעל 12.

## ריקאָלל.

א מיטגליעד פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס אדער קאָנטראל קאָמיטע קען צוריקגערופען ווערען פון זיין אמט, וויבאלד עס ווערט גערופען א ס פּ ע ש ע ל מיטינג אויפ׳ן געזעצליכען וועג פאר דיעזען צוועק.

### ארטיקעל 13.

## אַמענדמענטס.

אמענדמענדס צו דיעזער קאָנסטיטוציע קענען געמאכט ווערען נאָר ביי מעמבער מיטינגען.

אן אמענדמענט ווערט ערשט דאַן געזעצ־

ליך, ווען דיזעלבע ווערט גוט געהייסען מיט אן איינפאכע מאיאריטעט ביי צ ו ו י י ק אָ נ ס ע ק ו ט י ו ו מעמבער מיטינגען.

וועגען יעדען אמענדמענט מוז צוערשט שריפטליך מיטגעטיילט ווערען צו די מיט־גליעדער.

## ארטיקעל 14.

## אויפלעזען די געזעלשאַפט.

דיעזע געזעלשאפט קען ניט אויפגעלעזט ווערען אזוי לאנג, ווי עס זיינען פאַרהאַן פינף און צוואנציג (25) גוט שטעהענדע מעמבערס, וועלכע זיינען וויליג וויטער אָנצופיהרען די אַרבייט און דורכפיהרען די זעלבע אויפגאבען, ווי זיי ווערען אויסגעדריקט אין דיעזער קאָנ־סטיטושאָן.

אַזאַ אנגעלעגענהייט קען ערשט דאַן פער־האנדעלט און געזעצליך אָנגענומען ווערען ביים מעמבער מיטינג, ווען דאָס איז ווייניג־סטענס צוערשט שריפטליך מיטגעטיילט גע־ווארען די מיטגליעדער פיער (4) וואכען פאָראויס.

נאָכדעם ווי עס ווערט אויסגעצאָהלט די חובות און די שעהר־געלדער, דארף דאס אי־בערגעבליעבענע אייגענטום איבערגעגעבען ווע־רען צו א קאָאָפּעראטיווע געזעלשאפט, מיט עהנליכע ציעלען ווי אונזערע.

## די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט.

מיט קנאַפּע דריי יאָהר צוריק איז געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון דער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט: „אינדוסטריעלע און אַגריקולטערעלע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאפט, אינק". דער הויפּט־ציעל פון דער געזעלשאפט איז, ווי איהר נאָמען זאָגט, קאָאָפּעראַטיווע ארבייט.

## וואָס מיינט קאָאָפּעראַציאָן?

קאָאָפּעראַציאָן מיינט צוזאַמען אַרבייטען, בשותפות, געמיינשאַפטליך, אנשטאט יעדערער בעזונדער. אונטער דעם וואָרט קאָאָפּעראַציאָן ווערט יעצט פערשטאַנען די טעטיגקייט, צו וועלכער די ראַטשדיילער פּיאָנערען האָבען זיך מיט 73 יאהר צוריק גענומען.

אין א געוויסען אַבענד אין מאָנאַט נאָוועמבער פונ׳ם יאָהר 1843, זיינען זיך צונויפגעקומען אין ראַטשדייל, א שטעדטעל ביי מאַנטשעסטער, ענגלאנד, ביי א דוצענד וועבערס, אום זיך צו בעראַטען, וועלכע ווירקענדע מיטלען עס קענען גלייך אָנגענומען ווערען, כדי אם בעסטען צו בעקעמפּפען דעם יקרות, וועלכער איז צו יענער צייט געוועזען אַזוי געוואלטיג הויך.

זיי האָבען אויסגעפונען, דאָס עס איז פּאַ־

ראן א געוויסער קלאַס מענשען, וועלכע מאַ־
כען א גאַנץ בכבוד׳ען לעבען פון דעם, וואָס
זיי קויפען און פערקויפען געוויסע סחורות.
און עס איז דעריבער גאַנץ פערשטענדליך,
אז „עפּעס״ מוז זיי בלייבען צווישען די
פינגער.

האָבען זיי, אָט יענע עטליכע אידעאלע פּיאָ־
נערען, בעשלאָסען, אז זיי זאָלען זיך עפּענען
אַליין א סטאָר, און קויפען געוויסע פּראָדוק־
טען אין האָלסייל און דיזעלבע נאָכדעם פער־
קויפען צווישען זיך. דורכדעם וועלען די
פּראָפיטען, וועלכע בלייבען ביי פערשיעדענע
סוחרים און צווישען הענדלערס, בלייבען ביי
די קאָנסומערס, קויפערס אליין.

אין משך פון א קורצער צייט איז פון
דעם קליינעם בייסמענט, אין וועלכען זיי האָ־
בען געעפענט זייער ערשטען סטאָר, אויסגע־
וואקסען אַ גראנדיעזע בעוועגונג מיט אַ סך
ברענטשעס אין דער אומגעגענד. און היינט־
צו־טאָג איז שוין כמעט ניטאָ קיין איין
שטאָדט אין דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט,
וואו די קאָאָפּעראטיווע בעוועגונג זאָל ניט
זיין מעהר־ווייניגער פערשפּרייט. די קאָאָפּע־
ראטיווע בעוועגונג צעהלט שוין איצט איבער
20 מיליאָן מיטגליעדער, — א ציפער, וועל־
כער איבערשטייגט אַלע פּארטייען און בע־

ווערט זייערע הבדלים, ווערלכע זיינען איצט פאראן. דאָס פערמעגען פון די קאָאָפּעראַטיוון ווערט גע־שאַצט אין די מיליאַרדען.

מיט דער צייט האָט מען אויך אויסגע־פונען, דאָס די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג איז א חוץ אַ גוטער מיטעל צו קעמפּפען געגען יקרות און אויך צו צווינגען די סוחרים צו פערקויפען אַ ריכטיגע קוואַליטעט און קוואַנ־טיטעט, נאָך אויך א בריליאַנטענער מיטעל איינצופלאַנצען ביי די ארבייטער דעם געפיהל פון אחדות, סאָלידאַריטעט און געגענזייטיגע הילף. דורך קאָאָפּעראַציאָן לערנען זיך די אר־בייטער אוים אליין פערוואלטען. מיט איין וואָרט: קאָאָפּעראַציאָן איז אן אויסגעצייכענ־טע „פּריפּערעטאָרי סקוהל" פאר'ן סאָציאליזם. די בעלגישע קאָאָפּעראַטיוון, למשל, זיינען די בעסטע שטיצע פאר דער סאָציאליסטישער פּאַרטיי, און אין מאַנכע ערטער העלפען די קאָאָפּעראַטיוון די יוניאָנס צו געווינען זייי־ערע פאָדערונגען, דורך געלד־אונטערשטיצונ־גען און באָיקאָט. און אין נאָך אַנדערע ער־טער זיינען די קאָאָפּעראַטיוון אונערשעפּ־ליכע קוואַלען פאר פּראָפּאַגאַנדא און אלגע־מיינע קולטור ארבייט.

די אינדוסטריעלע און אגריקולטורעלע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט האָט אַלס איהר פונדאַמענט די פּרינציפּען פון די ראָטשדיילער

פיאנערען, און איז גלייכצייטיג אַ ראדיקאלע בעוועגונג, וועלכע רופט זיך אב, אָדער וועט זיך אין דער נאָהענטער צוקונפט אָברופען אויף אלע לעבענס פראגען פונ'ם אַרבייטער קלאס בכלל און פון די אידישע ארבייטער בפרט.

אָנגעפאנגען האָט אונזער געזעלשאפט מיט קנאַפּע 50 דאָלאר, און היינט־צו־טאָג מאכט די קאָאָפּעראטיווע שוין אן אומזאץ (אָבאָ־ראט) פון ארום 100 טויזענד דאָל. א יאהר. די קאָאָפּעראטיווע צעהלט איצט (1916) ארום 300 מיטגליעדער, און האָט אויך בעוויזען אוועקצושטעלען פאָלגענדע קאָאָפּעראטיווע אונ־טערנעהמונגען אויף אַ פערהעלטניסמעסיג פעסטען באָדען: צוויי רעסטאָראַנען, 61 צווייטע עוועניו און 133 איסט בראָדוויי, און א באַארדינג הויז אין 1786 לעקסינגטאָן עוו. די קאָאָפּעראטיווע צאָהלט אויס קרוב צו 20 טויזענד דאָל. א יאהר שכירות צו אר־בייטער און בעאמטע.

די דריי יעהריגע ערפאהרונג האָט אונז איבערציינגט, אז די קאָאָפּעראטיווע בעוועגונג קען ווערען א וויכטיגער פאקטאָר פאר'ן אר־בייטער קלאס אין ניו יארק, וויבאלד די ארבייטער וועלען זיך אביסעל מעהר פעראינ־טערעסירען אין קאָאָפּעראציאָן.

